# קינדערלעך





ב. אײזנס

1947

מאַשע ש. פּאַיוק

# קינדערלעך

(קינדער - לידער)



אַרויסגעגעבן פון אַ גרופּע פריינט מיט דער מיטהילף
פון דער יידישער לערער־אָרגאַניזאַציע אין אַרגענטינע.

בוענאָס־איירעס

1947

# קינדערלעך

צעפּעלעך, גלעקעלעך,
קרויזעלעך, לעקעלעך,
בלאָנדע און שוואַרצע די האָר.
צאַרטינקע מיידעלעך,
אַלערליי קליידעלעך,
פאַרטעכלעך ווייסינקע קלאָר.

רוישיקע קלינגערלעך,
שטיפערלעך יינגעלעך,
קעפּעלעך גלאַטיק פאַרקעמט.
אייערע שמייכעלעך,
גלאַנציקע אייגעלעך,
אַלע בריליאַנטן פאַרשעמט.

פלאַטערלעך לופטיקע,
קנאָספּעלעך דופטיקע,
שטראַלן און פּערעלעך טוי.
קוויטשיקע קוילכעלעך,
זיסינקע הנדעלעך,
האַרציק איך ליב אייך אַזוי!

זיצט איר אין קרייזעלע,
הערט איר א מעשהלע,
און זינגט אינײנעם א ליד.
פייפעלעך, פידעלעך:
שפּילט שיינע לידעלעך,
קינדערלעך, ווערט גאָר נישט מיד!

# אָרדענער

אַלע זיינען מיר נאָך קליין,
און מיר מאַכן ריין און שיין.
קיינער זאָגט אונדז גאָרניט אָן,
דאָך מיר ווייסן וואָס צו טאָן.
זעט, עס איז דאָ גאָרניט שווער
זיין א גוטער אָרדענער!
טראַלאַ-לאַ-, טראַ-לאַ-לאַ,
טראַ לאַ-לאַ-לאַ-לאַ-לאַ-לאַ.

פּליסיק ראַמען דאָ און דאָרט,
ליגן גיך אַלץ אויף אַן אָרט,
קערן אויס דעם פּאָל גאָר ריין,
טישעלעך פּאַרשפּרייטן שיין.
זעט, עס איז דאָך גאָרניט שווער
זיין א גוטער אָרדענער!
טראַלאַ-לאַ-, טראַ-לאַ-לאַ,
טראַ-לאַ-לאַ-לאַ-לאַ-לאַ-לאַ.

# איינס און צוויי

איינס און צוויי און דריי און פיר,
גוטע קינדער זיינען מיר,
און מיר ווייסן שוין אַליין
ווי מען דאַרף אין רייען גיין.

גלייך די פיס און הויך דעם קאָפּ,
נאָר ניט קוקן אויף אַראָפּ;
אָט אַזוי אַ, גלייך און שיין,
דאַרפן מיר אין רייען גיין.

איינס און צוויי...
—

טראָט נאָך טראָט, נאָר גלייך און שיין,
ניט צו גרויס און ניט צו קליין.
ניט צו קליין און ניט צו גרויס
שפּאַנען מיר אין מאַרש פאָרויס.
—

איינס און צוויי...



# פייגעלעך

פליִען פייגעלעך א שורה,
פאָכען פליגל אויף און אָפּ;
פליִען פייגעלעך א שורה
און זיי לאָזן זיך אראָפּ
מיט די שנעביקלעך: טיק-טיק,
אין די קערענדלעך פּיק-פּיק.

פליִען פייגעלעך א שורה,
פאָכען פליגל אויף און אָפּ,
פליִען פייגעלעך א שורה
און זיי לאָזן זיך אראָפּ
אין די נעסטעלעך אריין,
שלאָפן שטיל און רואיק איין.

# פרילינג, פרילינג, טראַ־לאַ־ליי

פאַר די הענטלעך רינג און רונג,
האָפּען קינדער שפּרינג און שפּרונג,
פּאַטשן הענטלעך: איינס צוויי דריי.
פרילינג, פרילינג, טרא-לא-ליי.

ווינטער, ווינטער איז שוין אויס,
שפּראָצן פון דער ערד ארויס
גרינע גרעזעלעך אויפסניי.
פרילינג, פרילינג, טרא-לא-ליי.

שמייכלען ביימער פול מיט פרייד,
טוען אָן א נייע קלייד.
בלעטלעך, בלימעלעך דערביי.
פרילינג, פרילינג, טרא-לא-ליי.

זינגט און שפּרינגט און ניט גערוט.
קינדער, קינדער, איי ווי גוט
זיך צו שפּילן אויף דער פריי.
פרילינג, פרילינג, טרא-לא-ליי.

# דער ליבער זומער

קומט דער ליבער זומער,
ווער איז צו אונדז גלייך?
אויף דער פריי מיר זשומען,
שפילן זיך אין טייך.

נאָר פישעלעך מיר יאָגן זיך,
ווען אַרט די היץ!
מיט די כוואַליעס שלאָגן זיך,
פּיצלען אויף פּיץ פּיץ.

מושלען קלייבט איעדער,
וויפל נאָר ער וויל;
ס׳ברענגט דער ליבער זומער
אונדז די בעסטע שפּיל.

## פּסח

אַ קליין ייִנגעלע
מאַכט אַ מצהלע,
רעדלט ער אַליין.
אַ קליין מיידעלע
מאַכט אַ קניידעלע,
קיילעכדיק און שיין.

## אום צי גראַד?

אויפן טיש
שאַלן צוויי.
ליגן ניס
אונטער זיי.

איינס איז אום,
צוויי איז גראַד.
קוק זיך צו,
טרעף דעם סוד:
אום צי גראַד?

# שבועות

שבועות, דער יום־טוב פון ערד און פון מענטשן,
מיר זינגען צו דיר אונדזער לויב און מיר בענטשן.
מיט גרינס, פרוכט און בלומען
פון אַלע אַרומען
דיך פייערן קומען, מיר קומען, מיר קומען.

אָ, זעט ווי מיט פרייד פול די אויגן אונדז גלאַנצן,
פון פרישינקע בלומען מיר פלעכטן אויס קראַנצן.
די קעפּ מיר באַצירן
און פריילעך מאַרשירן
נאָך פלאַטער פון פאָנען, וואָס פירן אונדז, פירן.

העל קלינגענדע בשורות אויף ליפּן אונדז בליען,
מיט קוישן באַלאָדן מיר ציען, מיר ציען
אויף אַלערליי וועגן
דעם יום טוב אַנטקעגן,
ביכורים מיר טראָגן. מיר טראָגן, מיר טראָגן

ביכורים פאַר אונדזערע שוועסטער און ברידער,
מיט מונטערע טריט און מיט שאַלנדע לידער,
מיט גרינס, פרוכט און בלומען
פון אַלע אַרומען,
מיר קומען, מיר קומען, מיר קומען...



# אַלע שפּילן מיטאַמאָל

פאַר די שאַפעס פול מיט שפּילן
שטיי איך מיר אַזוי און שטיי,
אַז אַלע שפּילן מיר געפעלן,
וועלכע נעמען כ'זאָל פון זיי?

יעדעס קעסטעלע באַזונדער
ווינקט און בעט זיך נעם מיין שפּיל;
נו, איך פרעג אייך, איז אַ וואונדער,
אַז איך ווייס ניט, וואָס איך וויל.

צי פון דעם גאָר, צי פון יענעם?
וויפל שפּילן, אָן אַ צאָל!
איי ווען איך וואָלט קענען נעמען
אַלע שפּילן מיטאַמאָל!

# פלעצעלעך

נעם איך מיר א שטעקעלע,
גראָב און גראָב די ערד,
ביז א היפּשע גריבעלע
ווי א דייזשקע ווערט.

וואַסער אין דעם גים און גים,
קנעט אַזוי און לייג,
מיט דער ערד איך מיש און מיש,
ביז עס ווערט א טייג.

קייקל איך אוים טעצעלעך
אַט אזוי דערפון,
זעמעלעך און פלעצעלעך
טריקן אויף דער זון.



# סוכות

באַלד איז סוכות, גרייט זיך זיידע,
מאַכט א סוכה אויף דער גיך:
פלייסיק אַרבעטן מיר ביידע
פאַר דעם יום-טוב, ער און איך.

קלאַפּט דער זיידע ברעט צו ברעטל,
קלאַפּט די צוועקעס נאָכאַנאַנד;
דריי איך שטרוי אַרום א דרעטל,
כ'האַלט מיין סוכה אויף דער האַנט.

איז דעם זיידן שטאַרק געפעלן:
— זעט, א סוכהלע, א מאָן!
אין דער גרויסער כ'וועל עס שטעלן
סאַמע־סאַמע־אויבן אָן.

## כ'האָב מיין ברודערל זייער ליב

כ'האָב מיין ברודערל זייער ליב,
כ'זאָג אייך ניט קיין ליגן;
נאָר ווי מיר טוען זיך אַ שפּיל,
מוזן מיר זיך קריגן.

כ'ווייס אַליין ניט איבער וואָס,
פאַר אַ פאַרביק פּיצל גלאָז,
פאַר אַן אָפּגעריבן קנעפּל,
צי אַ שאָלעכץ פון אַן עפּל,
אַלץ וואָס ער וויל, דאָס וויל איך
און אָט שוין, מיר קריגן זיך...

ווערט אַ טומל און אַ גוואַלד,
לויפט אַריין די מאַמע באַלד
און נעמט זיך אונדז צעשיידן;
— פע — מוסרט זי אונדז ביידן —
ניט גערעכט און ניט גערעכט,
ביידע זיינט איר שלעכט!

# מײַן שוועסטערל

איך האָב אַ קלײן שוועסטערל,
אַ פּיצעלע אַזאַ;
אַלץ וואָס בעט מיך אסתרל,
גיב איך איר באַלד; נאַ!

בעט זי מיך מײַן בעקעלע,
בײג איך צו איר, נאַ!
פּרעסט זי אָפּ אַ קושעלע,
אַ זיסינקן אַזאַ.

# פּיצי

— מאַמע, מאַך מיר מיין געבורטסטאָג.
אַלע קינדער שוין געמאַכט...
— אַז דער טאָג וועט קומען, פּיצי,
גלעט די מאַמע איר און לאַכט.

— וואָסושע גייט ער אַזוי לאַנגזאַם?
ר'איז אַ פוילער, כ'האָב אים פיינט!
כ'וויל אויף אים שוין מער ניט וואַרטן,
מאַך מיר מיין געבורטסטאָג ה י י נ ט!

# ווער האָט מער צייט?

כ׳קען מיין מאַמען ניט פאַרשטיין.
וואָס איך בעט איר, זאָגט זי: באַלד,
כ׳בין פאַרנומען, זעסט אַליין,
זע׳ז דערוויל זיך צו און וואַרט.

באַלד און שפּעטער, מאַמע, אוי.
רייס איך פאַרן קלייד און מאַן:
קען איך וואַרטן גלאַט אַזוי,
אז איך דאַרף אַזויפיל טאָן!

כ׳קען מיין מאַמען ניט פאַרשטיין.
צו מיר זאָגט זי: זעץ זיך צו...
— מאַמע, מאַמע, זאָג אַליין,
ווער האָט מער צייט, איך צי דו?



# אַ מוליער

אַן עמער ליים, אַ הורבע ציגל,
און די קעלניע אין דער האַנט,
כ׳גיס דעם ליים אויס, לייג אַן ציגל,
אָט אַזוי אַ ראַנד נאָך ראַנד. —

כ׳הייב זיך אויף אַלץ העכער, העכער,
אַרבעט פלינק מיט ביידע הענט.
ביז אַרויף העט צו די דעכער,
וואַקס איך גלייך מיט מיינע ווענט.

כ׳שרעק זיך ניט אַראָפּצופאַלן,
זעט סאַ מוסקלען, שטאַרק און גרויס.
כ׳בין אַ מוליער, זעט איר אַלע,
און איך בוי מיר הויז נאָך הויז...

# אַ גוטינקער

וואָס אַ טאָג אַלײן ווער איך גרעסער,
כ'בין אַ גוטינקער, אַן עסער;
עס אויף אַלץ וואָס מאַמע גיט,
זאָג ניט קײנמאָל: כ'וויל דאָס ניט!

מיט אַ לעפל שנעל און שנעלער,
עס איך זופּ אַ פולן טעלער,
וואָס מען גיט מיר, אַלץ אַלײן.
וואַקס איך טאַקע גרויס און שײן!

# דער פּױלער

אַלע רופֿן מיך דער פּױלער.
שלעכטע, שלעכטע װאָס איר זענט.
בין איך שולדיק, אַז עס פּאָלגן
מיך ניט מײַנע פֿיס און הענט?

אַז זײ מאַכן זיך ניט הערן
און פֿאַרשטײען ניט אַ װאָרט!
װאָס מען זאָל בײ זײ ניט בעטן,
רירן זײ זיך ניט פֿון אָרט.

כ'װעל אַמאָל צו זײ זיך נעמען,
טאָן א טרײסל און אַ דרײ,
אַלע רופֿן מיך דער פּױלער,
צוליב זײ נאָר, צוליב זײ...

# קליין הינטעלע

אַלע שלאָפן שוין, ס'איז נאַכט,
נאָר קליין הינטעלע באַוואַכט
אונדזער שטוב און אונדזער הויף,
נאָר קליין הינטעלע איז אויף.

ווי ער הערט נאָר א גערויש,
שפּרינגט פון בײדעלע אַרויס:
האוו האַוו... ווער איז דאָרטן, ווער.
האוו... ווער וואגט איצט גיין אַהער?
האַוו...

# האַפּטשי

ס'האָט מיין קליינע קעצעלע
אַזוי געטאָן א ניס:
האפּטשי...
ס'איז מיין שיינע קעצעלע
צוגעקילט געווים:
האַפּטשי...

צו געזונט דיר, קעצעלע,
כ'בעט דיך, ווער ניט קראַנק...
שאָקלט זי דאָס קעפּעלע:
האַפּטשי... זאָגט א דאַנק.

# איך וויל מיין געבורטסטאָג!

— ווען וועט מען מיין יום-טוב מאַכן? —
פֿרעגט אליז עליק טאָג נאָך טאָג —
וויפֿל שיינע גוטע זאַכן
שענקט מען אין געבוירן-טאָג!...

אַט איז ער שוין אומגעדולדיק,
און די פֿינגער ציילט די טעג,
שפּרינגט און פֿרייט זיך: ס'פֿעלט שוין ווייניק,
אַט איז נאָך אַ טאָג אַוועק.

און אַ טאָג רופֿט אָן זיך מאַמע:
זיי געגריסט, דו זונעלע מיין.
לאָמיר פֿרייען זיך צוזאַמען;
נאָר קיין יום-טוב קען ניט זיין!

שפּרינגט אויף עליק, וויל ניט הערן,
טופּעט, ליאַרעמט: ניין און ניין!
כ'וועל קיין פֿינף יאָר אַלט ניט ווערן,
ביז מיין יום-טוב וועט ניט זיין!

# אויף די גרויסע כ׳בין אין כעס

אויף די גרויסע כ׳בין אין כעס,
וואָס מען זאָגט מיר גאָרניט אויס.
נאָר מען לייגט אַלץ שטענדיק אָפּ,
שפּעטער, אַז כ׳וועל ווערן גרויס.

וואָס איך זאָל ניט טאָן אַ פרעג,
ענטפערט מען מיר — „האַר אויס!
ווערסט נאָך האָבן צייט אויף דעם,
נאָכדעם, אַז ווערסט ווערן גרויס.

ווערסט נאָך קענען וויסן אַלץ.
זע נאָר, זע נאָר, סאַ געאײַל!״
שפּעטער, נאָכדעם, באַלד און וואַרט;
וואָסזשע זאָל איך טאָן דערווייל?

כאָטש נעם און צי זיך אויס
און מיטאַמאָל ווי זײַ ווער גרויס!

# געבורטסטאָג־מאַרש

האַנט אין האַנט
זינגט און שפּאַנט
אלע קליין און גרויס
אין א קרוין
וואונדער שיין
אורעלע פּאָרויס.

אורעלע,
אורעלע,
דיין געבורטסטאָג היינט.
גוט אָן שיעור
ווינטשן דיר
אלע דיינע פריינט.

דו וואַקס אויס
שטאַרק און גרויס,
זיי דו ווילסט אַליין,
אַ געזונט
יידיש קינד,
גוט און ליב און שיין.

שפּאַנט און זינגט,
העכער קלינגט,
פריידיק יעדער שיינט;
טרא־לא־לא
טרא־לא־לא
ס'איז א יום־טוב היינט.

# נאָדעלע

קומט א נאָדעלע אין האנט,
בעט זיך, בעט זיך נאָכאַנאַנד:
ניי, ניי,
אַהין, אַהער,
ס'איז ניט שווער,
אָט אַזוי,
אָט אַזוי...
נעם איך נייען פלינק און גוט,
מיטאַמאָל א שפּראָצל בלוט.
א געשריי:
אוי טוט וויי!
אוי טוט וויי!
און א שליידער זי דערפאר —
לאַכט זי מיט א פּיסקל רויט:
ווערזשע הייסט דיך זיין א נאַר
און גאַר שטעכן אין דער הויט!

# ערשטער מאַי

פרייט זיך, קינדער, לאַכט און קוועלט,
יום-טוב אויף דער גאַנצער וועלט,
שוועסטער - ברידער - לידער - לײַ
ערשטער מאַי, ערשטער מאַי!

טאָג פון אַרבעטער איז היינט,
אַלע מענטשן זיינען פריינט,
אונטער בלויע הימלען פריי,
ערשטער מאַי, ערשטער מאַי.

אַלע אויף דער גאַס אַרויס,
מיט די פאָנען מישט זיך אויס,
הייבט די רויטע הויך דערביי,
ערשטער מאַי, ערשטער מאַי.

פאַר די הענטלעך פלעכט א קייט,
אין א רעדל דרייט זיך דרייט,
זון באַגריסט אייך פונדאָסניי,
ערשטער מאַי, ערשטער מאַי.

# אַ שפּיל אין „טאַמאַביל"

ווער עס וויל, ווער עס וויל,
קומען זאָל אין אונדזער שפּיל.
ווער עס וויל, ווער עס וויל
שפּילן זיך אין „טאַמאַביל".

נעמט זיך, קינדער, אָן צו צוויי,
צו צוויי פּאַרלעך אין אַ ריי
און איין קינדעלע פאַרויס,
ווערט אַן אויטאָ שטאַרק און גרויס.

איינס און צוויי און דריי און פיר,
דאָס מאָטאָרל אַ צעריר,
לויפן מיר און פייפן צו:
טרו טו טו און טרו טו-טו.

יאָגן זיך, אַ, זעט ווי שנעל,
וואַרטן ניט אויף קיין באַפעל,
גאַסן געסעלעך פאַרביי;
ווערן אַלע ווענן פריי.

פאַר די ראָגן בלייבן שטיין,
נאָר אַ רגעלע ניט מיין:

לויפט דורך אַלע, גיכער, גיך —
טרו טו טו, מיר איילן זיך.

שנעלער הייבט די רעדער טריט,
טרו: אַוועק, טרו: היט זיך, היט,
ס'קומט אָן, פליט מיט פייף און בריל,
טרו דער אויטאָ, „טאָמאָביל".

# ערב יום־טוב

ערב יום-טוב אַרבעט מאַמע,
נאָר זי שייערט, האלט אין ראַמען
און איך העלף איר מאַכן ריין,
לאָז ניט טאָן איר אַלץ אַליין.

טראָג איך וואַסער, העלף צו ביסלעך,
פּאַטש אַרום מיט בלויזע פיסלעך
אויף די פּאָלן הין און קריק,
העלפן מאַמען, סאַר א גליק!

# יום־טוב שוין

יום-טוב שוין ביי אונדז אין הויז,
ביי דער מאַמען און ביי מיר;
אַ ווי שיין עס גלאַנצט אַרוים
אונדזער ביידנס קיך געשיר.

יום-טוב שוין, אַלץ אויפגעראַמט,
נייע קליידער, נייע שיך;
ס׳האָט מיין מאַמע מיך פאַרקאַמט
און מיין ליאַלקע — איך.

# כ'בין שוין גרויס!

כ'בין שוין גרויס, כ'בין שוין גרויס,
כ'פאָר מיט מאַמעלען אַרויס,
זי'ז איך מער ניט אויף איר שויס.

כ'בין שוין גרויס,אָט-אָ זעט,
מאַמע, ביים קאָנדוקטאָר בעט
פֿאַר מיר אויכעט א בילעט.

רייסט ער אָפּ באַלד: נאַדיר נאַ,
האָב איך באַלד א פֿלאַץ אזא,
פונקט ווי מאַמעלע, אַהאַ!

כ'בין שוין גרויס, אָט-אָ זעט,
כ'צאָל שוין אויכעט א בילעט!

# טראַמוואַי

טריק, טריקי, טריקי, טרוק,
גיט דער טראַמוואַי זיך א רוק,
אָט אַזוי אָ אויף פאָרויס:
— אָך, די שטאָט איז אַזוי גרויס!

און איך דאַרף — פאָלג מיך א גאנג —
ציען, שלעפּן אזוי לאַנג:
דראו, דראו, דראו, דראַ,
אַ מין גרויסע שטוב אַזאַ!

מענטשן, מענטשן גאָר אָן שיעור,
שטופּן זיי זיך אַלץ אין מיר,
מאכן מיר דאָס פאָרן שווער:
דרדרדראו, ראַק! — כ׳קען ניט מער!

# א צווילינג

איציקל און בערעלע —
ברידערלעך א פּאָרעלע;
פּונקט די זעלבע פּנימלעך,
פּעלן זאָל א האָרעלע.

פלינקע ווי די העזעלעך;
קורצע גלייכע נעזעלעך.
שוואַרצע, קלוגע אייגעלעך,
פליען ווי די פייגעלעך.

רופט מען: איציק, קום אהער.
זאָגט ער: איציקל איז ער.
מיט אַ פינגערל אויף זיך
ווייזט ער: בערעלע בין איך.

טראכט זיך יעדערער און טראַכט —
וואָסער צייכן גאָר מ'מאכט
צו דערקענען, ווער איז ווער?
ווער איז איציק, ווער איז בער?

אז די זעלבע זיינען זיי. —
פּונקט ווי טראָפּנס וואסער צוויי
ברידערלעך א פּאָרעלע.
איציקל און בערעלע.

# אונדזער שול

אונדזער שול, אונדזער שול,
ווי א זון אויפגאנג
גיסט אָן הערצער פול
יידיש שעפערישן קלאַנג.

לערנען מיר זיך דאָ און שפּילן,
שטיפן, כאַפּן אויך אַ טאַנץ;
גוטע מידות און געפילן,
ליבע וועקט זי און זי פלאנצט,
אונדזער שול.
שמידן זיך דאָ רינגען נייע;
דורות גאָלד פון אונדזער קיים.
יידן שטאָלצע, מענטשן פרייע,
אויף דער וואַך פון אומה גרייט
אונדזער שול.
— הויך פלאַטערט און דערהויבן
אַלטע פאָן אין יונגער האַנט;
אָנגעגורט מיט מוט און גלויבן,
זינגען מיר פאר פאָלק און לאנד,
אונדזער שול.
זיילן גייסט און יידיש וויסן
וואָרצלט אונדזער סונדאמענט;
בענטשונג, לויב און יובל־גריסן
זינגט אראָפּ פון אלע ווענט,
אונדזער שול.

# זייַנען קינדערלעך פֿאַראַנען

ווייט, ווייט, זייער ווייט פֿון דאַנען,
איבער וואַסער און א שיעור,
זייַנען קינדערלעך פֿאַראַנען,
גוטע פֿלייסיקע ווי איר.

ליידן זיי אין נויט דער גרעסטער
שרעק און ווייטיק, הונגער, קעלט. —
ווען ס׳פֿעלן ברידער, שוועסטער —
ווען טאַטע - מאַמע פֿעלט.

נעמט זשע, קינדער, זיך צוזאַמען,
צווישן אייך נעמט זיי אַריין,
זאָלן אייערע טאַטע-מאַמע,
אייער היים, אויך זייערע זיין!

# אַהיים

אַהיים, אַהיים מיר גייען,
קינדערלעך, צוזאַמען;
צו צווײ אין גלייכע רייען,
אַהיים צו טאַטע-מאַמע.

געארבעט און געזונגען
לידעלעך גאָר שיינע,
געטאַנצט און אויך געשפּרונגען,
זיך געשפּילט אינײנעם.

איצט לאָזן מיר אייך איבער,
שפּילן אַלע סאָרטן,
ביז מאָרגן, אונדזער ליבער,
שיינער קינדער גאָרטן.

ביז מאָרגן, גרינס און בלומען,
לערערקעס און לידער,
מיר גייען און מיר קומען
מאָרגן צו אייך ווידער.

# אָ די טינט

כ'האָב שוין אזוי גוט געשריבן
אותיות קיילעכדיקע פיין,
כ'וואָלט שוין אפשר איצט אפילו
אויך געקענט א שרייבער זיין.

מיטאַמאָל פאַלט איין דעם לערער;
נו, און, קינדערלעך, אצינד
מער ניט שרייבן מיטן בלייער,
הייבט אָן שרייבן שוין מיט טינט!

האַלט איך ווידער ווי פון אָנהייב
אַ מלחמה אויף פאַפיר!
אַרבעט שווער מיט אַלע גלידער
ביי מיין יעדן פעדער ריר.

ס'איז ניט נויטיק אייך צו זאָגן,
אייך דערציילן גוטע נייס;
ווער עס גיט אויף מיר א קוק נאָר,
שאָקלט מיטן קאָפּ; איך ווייס;

פרעג איך אייך. וואָס האָט דער לערער
צו מיין מאמען, כ'ווייס ניט, ניין,
וואָסזשע זאָל אים אזוי אַרן,
אַז אין שטוב געווען איז ריין?

אַז מיט בלייער שרייבט זיך ציכטיק
ניט עס פליאסקעט, ניט עס פלעקט
און אַמאָל אַז ס'איז ניט ריכטיק,
איינס און צוויי באלד אָפגעמעקט...

כ'האַלט אין טעקע א פארשניצער
אַלע ווײַלע אַ פאַרשניץ;
אלעמען אזוי געפעלן
פלעגט מיין דינער לאנגער שפּיץ.

איצטער לויף איך אין די קראָמען
און דעם טאַטן בעט אלץ געלט,
ווי איך נעם זיך נאָר צום שרייבן,
אלעמאָל א פּענע פעלט.

אפשר ווייסט איר ווו צו קריגן
אַזאַ פענעלע אַ גוטס?
אלע טויגן אויף צו גאָרנישט
כ'האָב געפּאטערט שוין א טוץ.

נאָ זיי סקריפּען, שפּריצן, פלעקן,
העגר און פאַרטעך און פּאַפּיר.
לערער, גוואלד, וואָס ווילסטו האָבן
צו טאַטע מאמע און צו מיר?

# בוי איך מיר אַ שטיבעלע

א ציגל אויף א ציגעלע
איך לייג אזוי ארויף,
בוי איך מיר א שטיבעלע
מיט אַ לאַנגן הויף.

כ׳שעפּ וואסער אָן אַ שיסעלע,
פארמיש אַ ביסל זאמד,
און פון דעם לייט אַ ביסעלע,
לייג איך ראַנד נאָך ראַנד.

פלינק די הענטעלעך מויערן,
פאַרענדיקט ווערט דאָס הויז.
דריי שטאָק מיט טירן טויערן,
וואקסן ביי מיר אויס.

גייט פארביי א ייִנגעלע,
אָט אזוי די גרויס.
א קנאק טוט מיטן צינגעלע:
זעט נאָר ס׳אַראַ הויז!

נעמען טרייסלען זיך די שטאָקן
פארן ייִנגל־צינגל־קנאַל,
ווערט דאָס גאנצע הויז דערשראָקן
אויסן פאָל זיך א צעפאל...

# זומער, זומער, גוט און שיין

זומער, זומער, גוט און שיין!
גאָר ניטאָ קיין בעסערס, ניין,
אָנגעטאָן איין זאַך גאָר בלויז
און פון שטוב א לאַף ארויס!

גייט די זון פון הויז צו הויז,
אויף דער פריי זי רופט ארויס;
פאַרט זיך באָדן ווער עס וויל,
גלעט דאָס וואַסער אַזוי קיל!

קנעט מען בלאָטע פראַנק און פריי,
און די מאַמע שטייט דערביי;
שמייכלט צו און זאָגט ניט ניין,
זומער, זומער, גוט און שיין!

גראַבלען פינגער, ווערט א גרוב,
פון דער ערד געמאַכט א שטוב,
מיט א גאָרטן און א פּלויט,
פאַרטיק שוין צום וויינען גרייט.

אַלע ארבעטן אַרום,
יעדער פלאַנצט א בוים, א בלום,

אָט אַזוי א שטעק אַריין
און עס גרינט און בליט שוין פיין.

זומער, זומער, גוט און שיין!
גאָר נישטאָ קיין בעסערס גיין;
זומער, זומער, זומער גאָר,
זומער כאָטש א גאנצן יאָר!

# אַ מיידעלע אַ פליסיקע

א מיידעלע א פלייסיקע,
וואָס זי טוט איז פלינק און שיין;
איר קעסטעלע א ציכטיקע
אין אָרדענונג האלט ריין.

גיט לערערקע אן ארבעט ניי,
זאָל עס זיין ווי קליין צי גרויס,
אַרבעט, אַרבעט זי דערביי,
ביז זי ענדיקט דאָס אַרויס.

נעמט זי זיך א וואָסער שפּיל,
מעג עס זיין פון וועלכן סאָרט,
שפּילט זי זיך ווי לאנג זי וויל,
שטעלט צוריק עס אויפן אָרט.

דארף מען שטעלן זיך אין ריי,
רעדט מען ניט צו איר קיין סך;
א חבר'ל קריגט איינס און צוויי,
שטעלט אין ריי זיך שיין און גלייך.

און א גוטינקע ביז גאָר, -
העלפט אויך אנדערע געשווינד.
יידיש, יידיש רעדט זי נאָר,
איז אַ פלייסיק יידיש קינד.

# העפּטלעך האָבן פֿיס

קינדער, קינדער,
כ'וועל דערציילן
אײַך א וווּנדער,
וועט איר לאַכן
אויף געוויס
פֿון אַ יאַטל,
מיטן נאָמען
עליע-מאָטל:
זיינע העפּטלעך
האָבן פֿיס.

ווי א וויכער
מיטן רענצל
העפּטלעך ביכער
פֿון דער שולע
לויפֿט אַריין,
האַסטיק טוט ער
אַ צעפּאַכע
און אַ שליידער
אָט א וווּ סע
זאָל ניט זיין.

ווו א בענקל,
אויף א שאַפֿע,
צי אַ שענקל,
וואַלגערן זיך
העפּטלעך אום.
שטענדיק קלאָגט ער
זיך פֿאַר יעדן;
אפשר ווייסט איר,
אַז אַ העפּטל
כ'זוך אַרום...

און אַ מידער
אַלע זאַכן
קערט ער איבער;
דאָ געלייגט כ'האָב
עס ביים ברעג!
אַטאָ נאָר וואָס,
איך בין זיכער!
ווו זשע איז דאָס
ערגעץ ווידער
שוין אַוועק?

בין איך שולדיק,
אַז זיי זיינען
ניט געדולדיק,
טוען זיך פֿון
האַנט א ריס?

כאַ — כאַ,
לאַכט אַ יעדער;
ווייל דו ביסט אַ
יונג א פֿוילער.
האָבן דיינע
העפּטלעך פֿיס.



# אָרקעסטער

מיט די מיילכעלעך מיר שאַלן,
אין די פּייקעלעך מיר קנאַלן.
ווער עס הערט זיך איין,
זאָל אין טאַנץ אַריין:
בים-בים-באָם, בים-בים-באָם,
בים-בים, בים-בים, באָם-באָם.

מיט די ליפּעלעך מיר זינגען,

מיט די קלינגערלעך מיר קלינגען.
ווער עס הערט זיך איין,
זאָל אין טאַנץ אַריין:
גלין-גלין-גלאָן, גלין-גלין-גלאָן,
גלין-גלין-גלין-גלין, גלאָן-גלאָן.

מיט קולכעלעך צעלאָזן,
אין די טרובקעלעך מיר בלאָזן.
ווער עס הערט זיך איין,
זאָל אין טאַנץ אַריין:
טרו-טו-טו, טרו-טו-טו.
טרו-טו טו טו טו.

מיט די פּייפעלעך מיר שפּילן,
מיט די פינגערלעך מיר טרילן.
ווער עס הערט זיך איין,
זאָל אין טאַנץ אַריין:
טרי-לילי, טרי-לי-לי
טרי-לי-לי-לי-לי-לי.



# קלעטער־פלאַנץ

(אַ טאַנץ)

מיר די בלעטער
פונעם קלעטער,
קלעטער, קלעטער־פלאַנץ,
זעט, מיר שטייגן
אויף די צווייגן,
וויגן זיך אין טאַנץ.

ברייטער, העכער,
ווענט און דעכער
וויקלען מיר ארום;
און מיר פרייען
זיך און דרייען
אַלץ און אומעטום.

איינס אין איינעם,
אין אַ שיינעם
בונד פון האַנט צו האַנט;

וווּ מיר קומען,
שיינע בלומען
בליִען נאָכאַנאַנד.

בלומען, בלעטער
פֿונעם קלעטער,
קלעטער — קלעטער־פֿלאַנץ
שטענדיק ציִען
זיך און בליִען
פֿלעכטן זיך אין קראַנץ.

# אַ חברל פֿון גאָלד

אויף דער פֿריי, אויף דער פֿריי
מיט אַ שמייכל און געטריי
ווינט אַ חברל פֿון גאָלד,
האָט ער אַלע קינדער האָלט.

ווו איך ריר מיך, ווו איך קום,
טרעפֿ מיין חבר אומעטום;
צי איך פֿאָר און צי איך גיי,
כ׳וויים אַליין ניט ווי אַזוי.

באָר איך זיך און מושלען קלייב,
וואַרעמט חברל מיין לייב;
אידבין שוין מיט אים געוווינט,
האָט אינגאַנצן מיך פֿאַרברוינט.

גיי איך אינעם וואַלד, צי ווו,
ווינקט ער מיט אַן אייגל צו;
טוט אַ כאַפּ מיך פֿאַר אַ האַנט:
לאָמיר שפּילן זיך באַנאַנד.

יעדער קונצל וואָס איך מאַך,
רופֿט אַרויס ביי אים אַ לאַך;

פּאַטשן שטראַלן-הענט פאַר גליק:
בראַוואָ, בראַוואָ, אַן אַנטיק!

פאָר איך מיט דער באַן אין שטאָט,
לויפט ער מיר נאָך טראָט נאָך טראָט;
לויפט מיר נאָך און פון דער ווייט
פאָכעט ער מיט הענט און שרייט:

פאָר געזונט און פאָר מיט גליק,
שנעלער קום אתער צוריק!...
חבר, חברל פון גאָלד,
כ׳בענק נאָך דיר, איך האָב דיך האָלט!

# זומער, זומער, זומערל!

זומער, זומער, זומערל,
בריט די זון און בראָט;
לויפן מיר צום וואַסערל,
ווייט הינטער דער שטאָט.

וואַסער, וואַסער, וואַסערל,
ביסט דאָך אַזוי קיל;
יעדעס קליינע וועלעכל,
שווימט אין ריי זיך שטיל.

וועלן, וועלן, וועלעכלעך,
גוט צו זיין מיט אייך:
אַלע קליינע קינדערלעך
שפּילן זיך אין טייך.

קינדער, קינדער, קינדערלעך,
לאָמיר טאָן אַ שפּריין!
זעט, עס שפּרינגען רעדעלעך
אַרום אונדז אין קריין.

רעדל, רעדל, רעדעלעך,
יאָגט זיך ניט און בלייבט;

שפּריצט די פֿרישע טראָפּנדלעך
איפֿן הייסן לייב.

טראָפּן, טראָפּן, טראָפּנדלעך,
נאָר ניט פֿאַלט אַראָפּ!
— שיט מיט הויפֿנס פֿונקענדלעך
זון אויף יעדנס קאָפּ.

פֿונקען, פֿונקען, פֿונקענדיק,
ווער פֿון הימל דרעשט,
און מיט אונדז זיך טונקענדיק,
אין וואַסערל זיך לעשט?

לעשער, לעשער, לעשערל,
פֿליושקענדיקערהייד;
וואַסער, וואַסער, וואַסערל,
אונדזער שפּיל און פֿרייד!



# נאַסן־קערער

ווינט:

כ׳בין דער גרעסטער גאַסן-קערער,
קיינער איז ניט גלייך צו מיר,
כ׳נעם דעם בעזים אין מיין האנט נאָר,
הייב איך זאַכן אָן א שיעור!

קינדער:

ביסט א גרויסער שטיפער, ווינטל,
נאָר דו שפּילסט זיך, גאָרניט מער,

מיט דיין גרויסן ריטער־בינטל
דרייסטו זיך נאָר הין און הער.

ווינט:

כ׳אַרבעט פלינק מיט אַלע ריטער,
זעט, סאַ פלייסיקער איך בין!
שטויב, פּאַפּירעלעך און שפּליטער
קער איך, שאַר איך הער און הין.

קינדער:

כאַ־כאַ, ווינטל, נאַר פון נאַרן,
אומזיסט ווייעסטו און בלאָזט,
וויפל זאָלסט די גאַס ניט קערן,
אַלץ נאָך שמוציקער דו לאָזט.

ווינט:

וואָסזשע טוט מען טאַקע, קינדער?
זעט, איך רו ניט אַ מינוט,
כ׳אַרבעט, אַרבעט אַלץ געשווינדער
און עס קומט אַרויס ניט גוט.

קינדער:

שמאַיע ניט אַרום אין גאַסן,
האַלט דעם בעזים פעסט אין האַנט,
אַרבעט לאַנגזאַם און געלאַסן,
קער אין איין זייט נאָכאַנאַנד!

# זון

שטענדיק פֿול דיין עמער גאָלד,
פֿאַרבן, פֿאַרבן האָסטו האָלט:
פֿאַרבסטו ביימער, גראָז און ווענט,
וואָס עס קומט אונטער די הענט.

עפֿנסט נאָר די אויגן אויף,
הימל לייטער שטייגסט ארויף
מיטן פּענדזל אין דיין האנט;
פֿאַרבן, פֿאַרבסטו נאָכאַנאַנד.

שפּריצסט און פּליאסקעסט רונד אַרום,
ס׳גרייכט דיין פּענדזל אומעטום;
ווו א לעכל, ווו א שפּאַלט,
פֿליסט דיין וואַרעם גאָלד צעשטראַלט.

וואַרפֿסט אויף באַרג און טאָל דיין שיין,
אין די פֿענצטער מאָלסט אריין;
פּלייצט דיין פֿאַרב אויף אַלץ צעהעלט,
ביז באַפֿאַרבסט די גאַנצע וועלט!

# כמאַרעלע און זון

ווינט זיך, ווינט אַ כמאַרעלע,
כאַפּט אַ לייכטן דרימל.
שווימט אַן זון אַ שטראַלנדע:
„מײַנער איז דער הימל!

לייגסט זיך אויס גאָר אויף מײַן וועג?!
— שפּריצט די זון אויף בייז;
אַוועק פון דאַנען, גלייך אַוועק,
די מינוט, איך הייס!"

ווינט זיך, ווינט זיך כמאַרעלע,
ציט אַ פּאָלע אויס:
הום, מײַן גאָלדן נאַרעלע,
זע נאָר, ווער ס'איז גרויס!

קוק נאָר, וועמענס הימל איז,
דײַנער אָדער מײַן?
אָט איך צי זיך, ווער אַ ריז,
שלינג דיך באַלד אַרײַן.

# אַ שפּאַציר מיט טאַטע־מאַמע

מיט מיין טאַטע-מאַמע פאָרן
איז שוין גאָרניט אַזוי גוט.
נאָר מ׳האַלט מיך אין איין טאַרען:
זיץ איין רואיק אַ מינוט!

„זיץ איין רואיק״ גרינג צו זאָגן,
אַז די גאַס איז שיין און גרויס;
וווּנדער גאַסן גייך זיך יאָגן —
ווי-זשע קוקט מען ניט אַרויס?

אָט אַ פּלאַץ מיט שפּילערייען!
אָט אַ שטוב מיט וויפל שטאָק!
אָט אַ ריז אַ שפּאָגל נייער,
בויט זיך, הויבט זיך אויף אַ ראָג!

ווו איך קוק, אַלץ זע איך נייסן...
דריי איך זיך אַהין... אַהער,
איך פאַרשטיי זיי ניט, די גרויסע,
גאָרנישט, גאָרנישט אַרט זיי מער!

אָט אַ פאָרן זיי איניינעם,
זיצט זיך יעדער אויף זיין אָרט,

פרוווט גיט קיינער ניט צו קיינעם
כאַטש נאָר אויסריידן אַ וואָרט!

מיט מיין טאַטע-מאַמע פאָרן,
ניט אַ בויג זיך, ניט א ריר;
נאָר מ׳האַלט מיך אין איין טאָרען,
מוחל גאָר אַזאַ שפּאַציר!



# מאַמע־טאָג

(די קינדער אויף דער בינע ראַמען און ריידן:)

ס׳איז דער טאָג זײַנט פֿון דער מאַמען,
לאָמיר גיכער פּוצן, ראַמען.
לאָמיר מאַכן אַלצדינג גרייט,
מאַמע־טאָג איז אונדזער פֿרייד!

פֿרי מיר זײַנען אויפֿגעשטאַנען,
וויפֿל אַרבעט איז פֿאַראַנען!

אזא יום־טוב־טאָג ווי היינט,
טאָג פון אונדזער בעסטן פריינט.

(זיי ראמען און מאכן אַן א טומל.)

— ש ש... זי זאָל זיך ניט דערשרעקן,
ס'קען זיך מאמעלע אויפוועקן. —
זי וועט אויפשטיין, דארף שוין זיין
אלצדינג פארטיק שיין און פיין.

(שוין ריין אויפגעראמט...)

נו און איצטער די מתנות:
אָט אָ דאָ אָ די באָמבאָנעס,
און די בלומען אויפן טיש,
ווי זיי שמעקן אזוי פריש!

(אַלע לויפן צו, שמעקן... או-אום!)

אַיי וועט מען דיך איבערראַשן,
מאמעלע, וועט מען היינט נאַשן,
זעט נאָר, אַי, ס'אַ גרויסער טאָרט,
ס'איז א טאָרט פון בעסטן סאָרט!

איין קינד:

— אוי, מיר דוכט זיך, כ'קען עס שווערן,
כ'קען דער מאמעס טריט דערהערן,
פון דערווייטן... שטיל זאָל זיין,
אין די ווינקעלעך אַריין!

(שטופט אַלעמען ארויס אין די ווינקעלעך אריין. אַלע באַהאַלטן זיך און דאָס קינד ווארפט נאָך א בליק אויף אַלץ, צי ס'איז אין אָרדענונג, מאכט צורעכט עפעס און באהאלט זיך אויך.)

(ס'גייט אריין די מאמע.)

מאמע:

כ'האָב זיך ווייזט אויס היינט פֿארשלאָפֿן.
זע, דאָס פֿענצטער איז שוין אָפֿן?!
אויפֿגעעפֿנט זיך אליין?...
(קוקט זיך ארום, פֿארוואונדערט:)
? ? — — — אָ, ווי שיין, ווי שיין!

(די קינדער שפּרינגען ארויס פֿון זייער באהעלטעניש און רינגלען זי ארום.)

די קינדער:

— מאמעלע, ס'איז ניט קיין וואונדער,
זע, דאָס האָבן דיינע קינדער
אָפּגעטאָן שוין אלץ פֿאר דיר.
מיר זיינען אויפֿגעשטאנען פֿריער.

(טאנצן ארום דער מאמען.)

לאָמיר פֿרייען זיך צוזאמען,
ס'איז דער טאָג היינט פֿון דער מאַמען,
דארפֿסטו היינט שוין גארנישט טאָן,
נאָר זיין פֿריילעך אויבן אָן.

(זעצן זי אוועק אויבן אָן און דערלאנגען די מתנות.)

נעם צו אונדזערע מתנות,
טאָרט און בלומען און באָמבאָנעס.

ס'קלענסטע:

און א ליאלקע האָב איך מיר,
מאמעלע, געבראכט פֿאר דיר.

אלע:

אלץ פֿאר דיר!

# בײַם װאַסערל

זומער, זומער, זומערל,
ברענסט, אַז ס'גייט אַ רויך;
הייבט זיך דאַמף פון װאַסערל
אין אַ כמאַרע הויך.

כמאַרע, כמאַרע, כמאַרעלע,
זייפן-בלאָז-קלייד;
מיט א יעדן ווינטעלע,
שפּאַצירן ביסטו גרייט.

ווינטל, ווינטל, ווינטעלע,
טרייבסט צונויף מיט פרייד
כמארעלעך א בינטעלע
איפן הימל ברייט.

קלייבן קלייבן, קלייבן זיך
בינטעלעך אַ סך,
איינס דאָס צווייטע טרייבן גיך
אויף דעם שווארצן דאַך.

פּלוצים גאַר א פייער פּליט,
עפּעס דאַרטן קראַכט;

טופעט וועך מיט שווערע טריט,
בייזערט זיך און לאַכט.

מיט א בייטשל שטעקעלע,
פּאַסעוועט, גיט שמיץ;
אינעם דעכל, דעכעלע,
שניידט אריין א בליץ.

יאָגט זיך נאָכן דונערל
מיט פייערדיקע שטריק
און אָט טריפט א רעגנדל
אין וואַסערל צוריק.

# פרילינג

— פרילינג גייט,
ער קומט שוין גיך,
אין העלן קלייד,
אין גרינע שיך.

א שמייכל קלאָר
אויף יונג געזיכט
פון שטראַלן-האָר,
— בלענדט מיט ליכט.

און וואַרעם שיינט
זיין בליק מיט פרייד,
דער בעסטער פריינט
פון קינד און קייט.

ער וועבט און וועבט
זיין בלומען-קלייד,
ווי לייכט ער שוועבט!
ער גייט, ער גייט!

ער וועבט אַריין
ווו אַ קאָליר

מיט זונען שיין
אין בונטן ציר.

זיין אָטעם ווייט
און ליבשאפט וועקט,
און ריחות שפּרייט
די לופט פאַרשמעקט.

אין האנט א כוס
פאַר אונדז ער טראָגט
דאָס בעסטע, וואָס
די וועלט פאַרמאָגט.

ווו נאָר ער קאָן,
מיט פולן מויל,
זאָגט ער אונדז אָן!
זייט גוט און וויל!

ער ברענגט אונדז גאָר
די נאַשעריי
פון יאָר צו יאָר
און פונדאָסניי...

און ווינקט און רופט:
אַהער צו מיר!
אויף פרייער לופט
אויף א שפּאַציר.

— נעמטזשע זיך
פון הויז צו הויז

צוזאַמען גיך
און שטראָמט אַרויס.

אַנטקעגן שפּרינגט
אין זונען שטויב
און שאַלט און זינגט
צו אים א לויב!

אויף וועגן פרייַ
געקומען ביסט,
אָ פרילינג, זייַ
פון אונדז געגריסט.



# אין טאָג_פֿון בוים

בוים, פֿאַר דיר דער טאָג איז היינט!
פֿייגל, קינדער, מענטשן,
אַלע דיינע גוטע פֿריינט,
גריסן דיך און בענטשן.

אונטער דיין צעגרינטן דאַך,
עליטע זיך שיצן;
פֿון די קעלטן אין דער נאַכט
און בייטאָג פֿון היצן.

צווישן צווייגן, אין דיין מיט
פייגל נעסטן בויען;
אונטער דיינע בלעטער צוויט
מידע מענטשן רוען.

צווישןביימער אין אַ קרייז,
קליינע קינדער טאַנצן;
פֿאַר די הענטלעך, פֿאַרנווייז,
פּלעכטן זיך שוין קראַנצן

נעמטזשע רידלען, ניט געקלערט,
און דעם טאָג אינגאַנצן:
אין דער גוטער ליבער ערד
לאָמיר ביימער פֿלאַנצן!

אַרבעט נאָר געטרייערהייט,
וועט דער בוים געראָטן;
וואַקסן וועט ער הויך און ברייט,
געבן פֿרוכט און שאָטן.

# אויף דער פריי

לויפן מיר ארויס פון שטאָט,
אלע אויף דער פריי.
פליט א מחנה פייגל אָן
מיט א צווישעריי.
ציף־ציף, ציף־ציף,
ציף־ציף, ציף־ציף,
זינגען זיי א ליד,
ציף־ציף, ציף־ציף,
ציף־ציף, ציף־ציף,
און מיר זינגען מיט.

שפרייטן אָרעך [illegible] פעלדער גרין,
זאנגען אזוי [illegible]
וויגן זיי זיך [illegible] און הין,
זינגען אין ד[illegible] נטיל:
זו־זו, [illegible],
זו־זו, זו־זו,
זינגען זיי א ליד,
זו־זו, זו־זו,
זו־זו, זו־זו,
און מיר זינגען מיט.

צווישן ביימער אינעם וואַלד
לויפן מיר אריין.
שושקען זיך די בלעטער באלד,
סודען זיי זיך איין:
שו־שו, שו־שו,
שו־שו, שו־שו,

זינגען זיי א ליד,
שו־שו, שו־שו,
שו־שו, שו־שו,
און מיר זינגען מיט.

קומט צו שוועבן אַן א ווינט,
טוט אַ פייף, אַ ברום,
כאַפּט ארום א יעדעס קינד:
טאַנצן מיט מיר קום.
וו־ווו, וו־ווו,
וו־ווו, וו־ווו,
זינגט ער זיך א ליד,
וו־ווו, וו־ווו,
וו־ווו, וו־ווו,
און מיר זינגען מיט.

פליסט און פליסט א קלאָרער טייך,
וויגט זיך אין דער רו.
קינדער ווי די כוואליעס גלייך
פליעסקען זיך אויך צו.
פּיטש און פּאַטש —
פּיטש און פּאַטש,
זינגען זיי אַ ליד,
פּיטש און פּאַטש,
פּיטש און פּאַטש,
און מיר זינגען מיט.

פרוכטן, בלומען אַן אַ צאָל,
פול מיט זאפט און דופט
און א בליענדיקער קול
פון אלע זייטן רופט:
קום־קום, קום־קום,
קום־קום, קום־קום,
זינגען גרויס און קליין,
קום־קום, קום־קום,
קום־קום, קום־קום,
ס'איז דאָך אזוי שיין!

# ראש השנה

יום-טוב ראש השנה גייט,
אָט איז ער געקומען,
עפענען זיך אָרעמס ברייט,
צווייגעלעך מיט בלומען.

קומען זיי צו אונדז באַנאַנד
ווי אַ ברודער צווילינג;
ס׳פירט דעם יום-טוב פאַר אַ האַנט
דער עלטערער, דער פרילינג.

איי איז ער אים דאָס געטריי,
שפרייט פאַרויס אויף וועגן
גרינע טעפיכער פונסניי
דעם יום-טוב גאסט אַנטקעגן.

פלעכטן מיר זיך אויך אריין
אין גרינסן און אין בלומען;
מיט געזאנג און שטיפעריי
גריסן מיר דיין קומען.

זינגען מיר א פרילינג ליד
צום יום-טוב ראש השנה,
ברענג אונדז מיט זיך פרייד און פריד
א גוט יאָר — א מתנה.

# אין גאָרטן

(קרייזשפּיל)

אַלע:

האָבן מיר אַ גאָרטן,
יעדער האָט אַ בײט.
גרינס פֿון אַלע סאָרטן
זייען מיר מיט פֿרייד.

קינד:

רידעלעך מיר האָבן,
קינדער, ניט געקלערט.
לאָמיר אַלע גראָבן,
מאַכן ווייך די ערד.

אַלע:

גראָבן, גראָבן, קינדער,
גראָבן מיר מיט פֿרייד.
יעדעס קינד באַזונדער
פֿאַרטיק מאַכט זיין בײט.

קינד:

איינס נאָך איינס די קערנער
אין דער ערד פֿאַרשטעקט.

שאַרן מיט די פינגער,
מיט דער ערד פאַרדעקט.

אַלע:

זייען זייען, קינדער,
זייען מיר מיט פרייד.
יעדעס קינד באַזונדער
פאַרטיק מאַכט זיין בייט.

קינד:

דעם באַגיסער איצטער
נעמט אַזוי אַ לייכט,
אויף די בייטן שפּריצט ער,
מאַכט זיי פריש און פייכט.

אַלע:

שפּריצן, שפּריצן, קינדער,
שפּריצן מיר מיט פרייד.
יעדעס קינד באַזונדער,
פאַרטיק מאַכט זיין בייט.

אַלע:

האָבן מיר א גאָרטן,
יעדער האָט א בייט,
גרינס פון אַלע סאָרטן
זייען מיר מיט פרייד.

אַלע צוזאַמען:

— קינדער, קינדער, קינדער,
זעט נאָר ס'איז א וווּנדער!
שפּראָצן וואַקסן. גרעסער,
העכער, שענער, בעסער.

ציטיקער אַלץ ווערן –
בוראַקעס און מערן,
בלעטעלעך סאַלאַטן,
רויטינקע טאָמאַטן,
אוגערקעלעך גרינע,
קאַוואָנעס און דיניעס,
רעטעך קליינע, גרויסע,
הייפּטלעך קרויטן ווייסע,
גרינס פון אַלע סאָרטן
וואַקסט ביי אונדז אין גאָרטן.

# אויף אַ שפּאַציר

לוסטיק פרײלעך פאָרן מיר
אויף דער פרײ אויף א שפּאַציר;
קלינגען, זינגען ליד נאָך ליד
און מיר װערן גאָרניט מיד...

ציט זיך שטאָט און ציט זיך אויס,
ביז אַנטקעגן קומט ארויס
פעלד אין יום-טובדיקן קלייד,
אויפצונעמען אונדז שוין גרייט.

פריש מחיה איז די לופט,
פייגל צוויטשער, בלומען דופט,
ביימער פרוכטן אָן א שיעור
קומען אָן אויף דעם שפּאַציר.

אויסגעפארבטע שטיבלעך קליין,
גערטנער אינעם בלי זיי שטייען,
וואַקסט די פרייד אין אונדז און קוועלט,
פריי אַרויס אין לופט צעהעלט.

ס׳הילכט אָן אויפהער אונדזער קלאַנג,
ושום, געלעכטער און געזאַנג.

מיטאַמאָל זיך אַ צעלאָז
אויפן פרישן גרינעם גראָז.

שפּרייט די ערד אויס ברייט די הענט,
שמייכלט ליב מיט ברכה בלענדט:
ליבע געסט, אָ, זייט געגריסט,
פון מיין רחבות פריי געניסט!

גלעט זי אונדזער הוילן טראַט:
קינדער, קינדער פון דער שטאָט,
אָטעמט מיט אין זיך אריין
ריחות פריש און זונען שיין!

לויף און קלעטער פייף און בריל,
יעדער טוט זיך וואָס ער וויל.
אָ ווי גליקלעך זיינען מיר
אויף דער פריי אויף אַ שפּאַציר!

# וואַקאַציעס

אברהמל האָט שוין „פּיאקא״ ווידער
און געפּיגט זיך ניט קיין אָרט,
פון וואקאַציעס שוין א מידער:
— וואָסזשע טוט מען עפּעס פּאָרט?

אויסגעשפּילט שוין אַלע שפּילן,
אַלע קונצן שוין געמאכט.
וואָסזשע זאָל ער איצט נאָך ווילן,
טראכט אַברהמל, טראכט און טראכט.

איז די שטוב ניט צום דערקענען,
אפּגעפּאַרטיקט אין איין וואָך,
קריגן זיך ניטאָ מיט וועמען,
ס׳גיט אים איצט שוין יעדער נאָך.

אַ צעזייטע איבער דילן,
וואַלגערט זיך די לאָטעריי;
וועלכע נומערן עס פעלן,
שוין ניט צום געדענקען זיי.

פון „מעקאנא״ וויפל זאַכן
אויפגעשטעלט אַלץ פונדאָסניי,

וואָס דו זאָלסט פֿון דעם ניט מאַכן,
אַלץ די זעלבע שפּילעריי.

וויפֿל פּילקעס שוין פֿאַרלאָרן
ערגעץ אויף אַ פֿרעמדן דאַך;
איז פֿון אַלץ שוין מיד געוואָרן,
פֿון אַלצדינג אַ תּל געמאַכט!

שוין אַפּילו זיך געטשעפּעט
צו דעם פֿאַל און צו די ווענט;
דאָ און דאָרטן צעקאַלופּעט
שוואַרץ פֿאַרסאַמשעט און פֿאַרברענט.

אין די שכנותדיקע גאַסן,
אין דער ברייט און אין דער לענג,
אָפּגעטאָן שוין אַלע שפּאַסן,
אַלע שטיפֿערישע גענג.

אויף די שמאָלע טראָטואַרן
וואָס האָט ער שוין ניט געטאָן?
אָן מורא פֿאַר געפֿאַרן
אַלץ באַוויזן וואָס ער קאָן...

מיט די ייִנגלעך זיך צעשלאָגן:
ביילן גרויע פֿאַרלאָפֿן בלוט;
ווערזשע קען איצטער זאָגן
וואָס אונדז נאָך אַלײן מ׳טוט?...

ס׳איז נאָך דאָ אײן פֿאַרגעניגן,
פֿאָרן ערגעץ צו אַ טייך,

לויפן איינס נאָך איינס פון שטיגן
און אין וואַסער שפּרינגען גלייך.

פּליוסקען און זיך מאַכן שווימען,
אָפּצושפּריצן זיך דערבײַ;
לויפן, יאָגן זיך נאָך וועמען,
שפּילן זיך דאָרט פראַנק און פריי.

נאָר ס׳איז דאָ א זאַך ווי „פּראַצע״,
מוז עס זײַן גאָר שטאַרק און גרויס,
גיט ניט טאַטן קיין וואַקאַציע,
לאָזט ניט אויף דער פריי אַרויס...

— צווישן ווענט הויך א פאַרמאַכטער
דרייט זיך אום אברהמל, טראַכט:
אַז א מענטש א זייער שלעכטער
האָט וואַקאַציעס אויסגעטראַכט...



# אַ באַרג־שפּאַציר

מאַכן מיר אַ באַרג-שפּאַציר,
אויף זיין רוקן קלעטערן מיר
מיט אַ שטעקן אין דער האַנט
אָנגעבויגן און געשפּאַנט.

שטעלט די פיסלעך זיבער פעסט,
האַלט די אויגן וואַך און מעסט
איף פאַרויס אַ יעדן שפאַן,
טאָמער איז אַ שפּאַלט פאַראַן!

שטעכעדיקער ווילדער גראָז;
צווייגן-פּלאָנטער. נו איז וואָס,
פעלדזן הייבן זיך אַרום,
גלאַנצן, ווינקען; נענטער קום!

גליטשיק ווערט, אָט פאַלט מען שיעור,
פויזעט מען אויף אַלע פיר.
ווער עס האַלט זיך ניט אָן שטאַרק,
קייקלט זיך אַראָפּ פון באַרג.

כאַפּט זיך אָן אַ קוסט, אַ שטיין,
העכער, העכער זאָל מען גיין!
אויסגעשמעקט אַלץ, אויסגעפּרוווט,
אַך ווי פריי און פריש די לופט!

שטייג אַרויף, פאַרדרייט דעם קאָפּ!
טו אַ קוק אין טאָל אַראָפּ!
סאַר אַ פרייד! אַ ווײַלע בלויז
אויסגעוואַקסן אַזוי גרויס!

# באַהעלטעניש

אינעם הויכן הימל-בלוי,
ווייסט איר שוין דערפֿון,
שפּילן אין באַהעלטעניש
וואָלקנדלעך און זון.

שפּאַרט זיך דורך א שטראַלעכל,
פֿול מיט גאָלדן פּוך:
אַט אָ בין איך, וואָלקנדל,
קוקוק, זוך מיך, זוך!

טוט א יאָג זיך וואָלקנדל,
באַהאַלט זיך, גאָלדן שטראַל,
קוקו, קוק! און שיינט אַרויס
פֿון אַ וואָלקן-שפּאַלט.

# האַרבסט

אָט אַזוי,
כמאַרעי גרוי
לויפן אוי,
לויפן אי ן.
פייפט ער ווינט:
האַרבסט אַצינד,
וו-או-הום,
וו-או-הום!

בלעטלעך געל,
טאַנצן שנעל:
היפּ, היפּ, האָפּ!
היפּ, היפּ, האָפּ!
הימל קנאַלט,
רעגן פאַלט:
טריפּ, טריפּ, טראָפּ!
טריפּ, טריפּ, טראָפּ!

אויפן גאַס
קאַלט און נאַס:
בררו-רו-רו,
בררו-רו-רו.
רעגן, ווינט
שמייסט און רינט:
פיו, פיו, פיו!
פיו, פיו, פיו!

# פורים

הײנט איז פּורים
יום־טוב פּורים,
פרײט זיך אַלע קינדער,
נעמט דעם גראַגער,
המן־שלאָגער,
אין די הענט אַצינדער.

גראַ־גראַ, גראַ־גראַ,
גראַ־גראַ, גראַ־גראַ,
דרײט און דרײט געשווינדער,
המן רשע
איז נישטאָ שוין,
פרײט זיך אַלע קינדער.

אַלע נאַשן
המן מאַשן,
ס׳האָט געבראַכט די מאַמע;
שיקט מתנות,
שלח־מנות,
איבער אַלע ימען.

פאַר די קינדער
פונעם װאַנדער,
הונגעריקע, מידע

צו דערקוויקן,
דארפט איר שיקן
גוטע זאכן ווידער.

אחשורוש,
קעניג טפש,
שווערדן האָט געגעבן;
מרדכי, אסתר,
מוטיק פעסטע,
איינגעשטעלט דאָס לעבן.

די געשפרונגען
זיינען יונגען,
העלדן פארטיזאנען.
אָט אצינדער
רעטן קינדער,
אין די נאצי־פלאַמען.

היינט איז פורים,
יום־טוב פורים,
שאלט מיט פרייד געזאנגען,
ווילדע ברואים,
די רשעים,
ווידער אויפגעהאנגען.

גרא־גרא, גרא־גרא,
גרא־גרא, גרא־גרא,
וואונדער איבער וואונדער,
היטלער רשע
איז נישטאָ שוין,
פרייט זיך, פרייט זיך קינדער!

# ווינטער

מיט אַ זיכער פעסטן טראָט
קומט דער ווינטער פונדאָסניי,
שפרייזט ארום-אין דאָרף, אין שטאָט,
איבער גאסן, פראנק און פריי...

טראָגט פון ווינט א פעלערין
און זיין וואָרט איז פראָסט און קעלט,
אז ער הייבט נאָר אויף זיין שטים,
ציטערט אויף א האלבע וועלט...

פרווט ער אויס באלד ווו א טיר,
וויל אין שטיבער אויך אריין;
טוט א וויי זיין אָטעם-פריר,
הילן זיך די מענטשן איין.

ווינטער, ווינטער גייט, ער קומט...
שרעקט מען זיך פאר אלדאָס בייז,
שפרייזט ער מיט א רוגזה ברום:
קיינער בענקט נאָך מיר ניט, כ'ווייס!

פול מיט שטאָלץ פארבייסט א ליפ:
אָבער, סיי ווי סיי, איך בלייב!
ווו עס לאָזט זיך, טוט א קניפ,
ווו נאָר אָפגעדעקט דאָס לייב.

טוט מען וואַרעמע זאַכן אָן,
קעגן ווינטער זיך געשיצט,
בלאָזט ער מיט א חוזק־טאָן:
ס׳וועט אייך גאָרנישט העלפֿן איצט!

אין מיין האנט כ׳האלט פעסט די מאַכט,
פון דער צייט איך בין דער האר!
„היט זיך שמיט זיך“, לאַכט ער, לאַכט,
אַז סע גייט פון מויל אַ פּאַר...

---

מיט געבייזער, חיתט און קעלט,
פון א ווייטער, פרעמדער וועלט
חעט דאָ ווינטער לאנג ניט זיין;
זאָל דער פרי׳לינג גאָר אריין!

# לאַכן זיי פון ווינטער

אָט-אָ לויפט דער ווינטער,
אוי איז ער אין כעס...
יאָגט זיך נאָך די קינדער:
שפּילט ניט אויף דער גאַס!

האלט אין האנט א שטעקן
פון אַ בייזן ווינט,
פאָכעט מיט די עקן:
אַוועקט פון מיר געשווינד!

לויפן גיך די קינדער,
ווערט זיי וואַרעם באַלד,
לאַכן זיי פון ווינטער:
ס'איז אונדז גאָרניט קאַלט!

# אַ זייגער

דודל קען דאָס ניט פאַרשטיין,
וואָס אַזוינס אַ זייגער איז.
טאַטע זאָגט: ער גייט אַליין...
ווזשע האָט ער זייגע פיס?

לייגט אַן אויער צו: ער גייט!
„טיק־טיק, טיק־טיק"... כ'ווייס שוין אויך! —
שרייט אויס דודעלע מיט פרייד: —
האָט די פיסעלעך אין בויך!

שטייט זיך דודל, הערט זיך איין:
טיק־טיק, טיק־טיק... זייגערס טריט.
שטענדיק גייט ער. קען דאָס זיין?
ווערט דער זייגער גאָרניט מיד?

ווי ער גלאַנצט דאָס אַזוי פיין! —
טראַכט זיך דודעלע און טראַכט: —
אַך וואָלט ער אַ 'בעלן זיין
זען ווי זייגער איז געמאַכט.

אָט, נאָר צולייגן אַ האַנט,
אָנטאַפּן אַ טיסל נאָר,
זען ווער דרייט עס נאָכאַנאַנד
אָט די ווייזערלעך די פּאָר?

אָפּגעשרויפט איין שרייפל בלויז,
מיטן מיילכל נאָר א בלאָז,
טוט אויף גיך אַ לאָף אַרויס
א צעמזיקטע די גלאָז.

ס'אר א שטיבעלע און ווענט!
וויפל רעדעלעך, א שרעק!
כאפּן זיי זיך פאר די הענט,
לויפן, קייקלען זיך אַוועק.

פלאצט אוים דודל אין געוויין:
טאַ־טע! לויפט ער ווילד און שרייט —
ס'וויל דער זייגער מער ניט גיין,
וויל אנטלויפן, ערגעץ, היים — — — —

# איז נישטאָ שוין

(געווידמעט ליטמאַן־פרייליך)

מאַמע זאָגט: דו ביסט נישטאָ שוין
וויל געווים אַ שפּאַס נאָר מנ[illegible]
ווי קען גאָר פון אונדז אַוועקג[illegible]
דער „פון אַלע זיבן זאכן"?

מאַמע, כ'זאָג דיר: ס'איז א ליגן.
נעם דאָס ביכעלע און לייען:
אַך, ווי שיין, אַ פאַרגעניגן,
כ'הער זיך גאָרניט אויף צו פרייען.

אלע מעשהלעך ווי פריער,
ניט געביטן זיך א האָר ניט.
איז אונדז טאַקע ליב און טייער,
ווער ס'באַהאַלט פאַר אונדז מער גאָרניט.

און דערציילט אונדז, וואָס מיט קינדער
איז זיך ווען עס איז פאַרלאָפן.
יעדעס מעשהלע באַזונדער
איז אַן אמת, ס'האָט געטראָפן!

איי-איי, איי-איי קען ער אונדז און
וואָס מיר חלומען אַפילו,
ווייסטו פון אַלע שטיפער קונצן,
שפּילט זיך מיט אין אונדזער שפּילן...

איז נישטאָ שוין, זאָגסטו, מאַמע,
פריינט פון אונדזער פרייד, געלעכטער?
דאָס האָט אויסגעטראַכט מסתמא
עמיצער א — שלעכטער!

# וואָלט איך וועלן!

אָ! וואָלט איך עס אַמאָל וועלן
סתם אַזוי זיך אין שול פעלן,
פריי פון לעקציעס, פון דער באַנק,
ניט אום יום-טוב, ניט זיין קראַנק,
ניט א טאָג ווען ס'לערנט קיינער;
נאָר פון אַלע זאָל איך איינער
גלאַט אַזוי זיך אין שול פעלן.
איי, וואָלט איך עס אַמאָל וועלן!...

מוז עס זיין גאָר א מחיה
זען ווי אַלע לויפן, שמאַיען,
יאָגן, איילן זיך אין קלאַס
און איך דריי זיך... פוסט און פּאַס,
פרייע צייט, א פרייער קאָפּ,
קיינעם גיב קיין חשבון אָפּ,
וווּ געוועזן און ווו כ'וויל זיין,
טאָן אַלצדינג וואָס מיר פאַלט איין.
סתם אַזוי זיך אין שול פעלן,
איי וואָלט איך עס אַמאָל וועלן!

# אין וואַרשטאַט

מיין טאַטע איז א שוסטער,
ווייסט איר דאָך עס יעדער,
קלייב איך מיר פון פּאַל צונויף
אלע שטיקלעך לעדער.

אָט אזוי אָ פלינק און גיך,
וועט מען נייען פון דעם שיך,
ווער עס איז א ווילער יאַט,
העלפט זיין טאַטן אין וואַרשטאַט.

מיין טאַטע איז א שניידער,
העלפט אים אויך די מאַמע,
קלייב איך שמאַטקעלעך צונויף
און ניי זיי מיר צוזאַמען.

אַט אזוי איך ניי און ניי,
אַ [illegible]ן סחורה ווערט פון זיי.
ווער עס איז א ווילער יאט,
העלפט זיין טאַטן אין וואַרשטאַט.

מיין טאַטע איז א סטאָליער,
וויפל מעבל זאכן
קען מען פון די קלעצעלעך,
פון די ברעטלעך מאַכן!

כ'קלאפ צונויף זיי: טיק־טיק־טיק,
פארטיק ווערט א מעבל־שטיק,
ווער עס איז א ווילער יאַט,
העלפט זיין טאַטן אין ווארשטאַט.

מיין טאַטע איז א בלעכער,
האַלט אין לייטן קלאפּן.
פאַלן זילבער קייקעלעך,
לויף איך באלד זיי כאפּן.

כ'קלייב צונויף זיי איינס צוויי דריי,
מאַכט מען ווידער פון דעם בליי.
ווער עס איז א ווילער יאַט,
העלפט זיין טאַטן אין ווארשטאַט.

# שוסטער מיכעלע

ס'איז דער שוסטער מיכעלע
אַט אַזוי די גרויס.
נייט ער, נייט ער שיכעלעך
טאָג איין, טאָג אויס.

שיכעלעך ווי טעקעלעך,
אויסגעפּוצטע שיין;
קיילעכדיק ווי בעקעלעך
ביי קינדערלעך קליין.

זיצט ער אויף א קישעלע,
אויף א קליינעם שטול,
און זיין שוסטער-טישעלע
איז מיט זאכן פול:

דראַטווע, וואַקס, א העקעלע,
לעדער גאַר א סך;
קלאַפּט ער, קלאַפּט טשוועקעלעך:
טאַך, טאַך, טאַך, טאַך, טאַך.

מיט די פינגערלעך א כאַפּ,
שטעקט אריין אין זויל;

קליפּ און קלאַפּ, קליפּ און קלאַפּ,
מיכל איז ניט פֿויל!

פֿלייסיק איז ער, מיכעלע,
א גוטינקער ביז גאָר;
מאַכט צו יעדן שיכעלע
אַ חברל צום פּאָר.

---

לעכעלעך מאַכט איינס און צוויי
מיטן שפּיץ פֿון אָל,
אָט אזוי און אָט אַזוי:
האָל, טאָל, טאָל, טאָל, טאָל.

ס'האָט דער שוסטער מיכעלע
הענט געזונטע צוויי,
פֿליען, פֿליען שיכעלעך,
שיכלעך אַלערליי.

שיכעלעך פֿאַר יינגעלעך,
וואָס האַלטן זיך ריין,
קענען שוין די בענדעלעך
זיך אויסבינדן אַליין.

און פֿאַר גוטע מיידעלעך,
מאַכט ער מיידל-שיך,
מיט שפּראַנקעס און מיט קנעפּעלעך
צו פֿאַרשפּיליען גיך.

ס׳מאַכט דער שוסטער מיכעלע,
וואָס נאַר איינער וויל,
אַלע סאָרטן שיכעלעך,
קאָלירן אַזוי פיל.

ווייסינקע ווי ציכעלעך,
ברוינלעכע ווי ניס ,
שוואַרצע, געלע שיכעלעך,
פונקט פאַר יעדנס פיס.

קורצע, שמאָלע נעזעלעך,
גלאַנצן זיי מיט פרייד,
שטייען ווי די העזעלעך,
צו אַנטלויפן גרייט.

לאַכן מיט די מײלכעלעך,
אָפן פראַנק און פריי;
ווינקען צו די קינדערלעך:
זעט, מיר זיינען נײ.

ליבע קינדער-פיסעלעך,
קומט אין אונדז אַריין!
שפרינגט און לויפט צו ביסעלעך,
וועט איך וואַרעם זיין!

קומען קומען פיסעלעך
פון דער גאַנצער וועלט:
יאַסעלעך און זיסעלעך,
מ׳פרייט זיך און מ׳קוועלט.

טאַנצן נייע שיכעלעך
קינדערלעך אָן שיעור;
גוטער שוסטער מיכעלע,
א געזונט אין דיר!

# גענעראַלעכל פֿון קאַרטאָן

הערשל נעמט אַ פּאַס קאַרטאָן,
איבער אַקסלען טוט זיך אָן,
אויסגעצויגן אויף דער קווער,
און ער שערט אויס מיט דער שער
קליינע עפּאָלעטן צוויי,
פֿרעגנדזלעך דינינקע אין זיי,
צו די אַקסלען קלעפּט ער אָן;
אַ שפּיץ היטל פֿון קאַרטאָן
און אַ פּאַסעק ציט ער שטייף
אַרום טאַליע ווי אַ רייף,
צו די שטולן טוט ער אַ שאַל:
מאַרש, איך בין אַ גענעראַל!...

איינס און צוויי — איינס און צוויי,
אַ סאָלדאַט מאַרשירט אַזוי:
אויסגעצויגן יעדער גליד
און צום טאַקט ער שטעלט די טריט;
ווי אַ זיגער שטאָלץ ער שפּאַנט,
אין סאַלוט די רעכטע האַנט...

איינס און צוויי — איינס און צוויי,
אַ סאָלדאַט מאַרשירט אַזוי:
נו געגאַנגען! ניט געכאַפּט,

מיט די פיסלעך צוגעקלאַפּט;
ווער עס איז א ווילער יאַט,
זאָל גלייך ענטפערן: וויוואַט!

ווער עס פאָלגט ניט כאַפּט אַ פּראַכק!...
— — — פליען שטולן מיט א טראַסק,
אויסגעדרייטע פאלן אום
מיט די פיסלעך אין דער קרום,
קייקלען זיך העט העט אַוועק
אין די ווינקעלעך פאַר שרעק;
קאָקן זייער הערשער אָן:
גענעראַלכל פון קאַרטאָן!...

# אויפשטיין פרי

איצע־פיצע איז א פעפער,
וואקסט א בחור נים קיין לייט,
אלע וועקן אים און וועקן
און ער שטייט אויף נאָך דער צייט.

קוקוריקו, קו־קו־רי־קו
מיט די פליגל פאטשט אַ האָן:
שטייט אויף אלע, שטייט אויף אלע,
דער פרימאָרגן קומט שוין אָן.

ווערט אין פארעם א גערודער,
כאפן באלד זיך אלע אויף,
פון די נעסטן שפרינגען עופות,
לאָזן ראפטום זיך אין הויף.

מי־מי ציען זיך פון פעלדער
צום קאָראַל א סטאַדע קי:
ווער עס וויל זיין א געזונטער,
טרינקען מילך, זאָל אויפשטיין פרי.

גייען קאַטשקעלעך א כאָפּטע,
אלע מיט איין קול: קוואַ־קוואַ;
אַט מיר גייען זיך שוין באָדן
און ער, אַ פוילענצער אַזאַ!

צווישן ביימער פליען פייגל
איינס צו אנדערער: ציף ציף,
אוי ווי גוט ס'איז אין פרימאָרגן
מיט חברים טאָן א שטיף.

און די אינדיקעס זיך בלאָזן,
שוין געכאפט פון אלץ א פיק;
שטאָלצע ציען אויס די פליגל
צו דער ערד אראָפּ א טסיק!

לוסטיק בריקען קליינע קעלבלעך,
שוין זיך אָנגעגעסן זאַט;
ווער עס וויל הנאה האָבן,
דארף זיין רירעוודיק, אַ יאַט!

צווישן קערנער שאָרשקען טויבן,
מרוקען שטילערהייט: גרו־גרו.
ס'איז פאר אַרבעט טאָג באַשאַפן
און די נאכט פאַר שלאָף און רו.

סקריפען רווישן פריילעך סולקעס,
קלאפן סערד־פיס: טיק טאק טאק;
דריימט זיך איצע־פיצע איבער
און שלאָפט ווייטער זיך געשמאק.

רייטן קינדערלעך אין שולע
צו צווי דריי אויף פערדלעך: האָפּ,
האָפּ־האָפּ הײַ, ווער קומט פריער,
וועטן זיי זיך אין גאלאָפּ.

קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ, פליען הינער
מיט א פריילעכן געשריי;
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ, כ'האָב געלייגט שוין
א פריש ווארעמינקע איי.

קומט די זון צו צו זיין פענצטער,
שיט אַראָפּ א הויפן הייז;
כאַפּט א בינטל שטראַלן ריטער
אויף זיין פּנים טוט אַ שמייך.

שפּרינגט אויף ראַפּטום איצעפּיצע,
ווייבט די אויגן הין און קריק:
— אוי אין שולע! — און פון שולע
פאָרן קינדער שוין צוריק.

# אַ שפּיל

ווײַזשילאַנט:

כ'בין דער גוטער ווײַזשילאַנט.
אַט אַזוי אָ, האַנט נאָך האַנט,
הייב אויף איינע און אַ צווייטע,
ווי צוויי פליגל אויסגעשפּרייט.

אַ קינד:

פֿון דער ווײַט מען זעט אַרױס,
דײַנע אָרעמס בלאַנקען ווײַס,
פֿון דײַן אָנצוג בלוי געוואַנט,
מיט אַ שמייכל נאָכאַנאַנד.

ווײַזשילאַנט:

ווער עס ווייסט ניט ווו צו גיין,
בלאָנדזשעט אײנינקער אַליין,
ווײַז איך אים באַלד אָן דעם וועג,
צי איך פֿיר אים גאָר אַוועק.

אַ קינד:

שמייסט אַ רעגן. בריט די זון
און דו מאַכסט זיך ניט דערפֿון,
שטייסט געדולדיק טאָג נאָך טאָג,
— אינדערמיט פֿון גאַסן ראָג.

ווײַזשילאַנט:

קינדערלעך כ'האָב ליב און היט,
כ'פֿאָלג זיי נאָך אויף טריט און שריט.

זין און טעכטער פון מיין לאנד,
בין דער טרייער ווידשילאנם.

א קינד:

רעכט און לינקס. הין און צוריק,
ווי אָרקעסטער פון מוזיק,
אויף און אָפּ, די אָרעמס פירסט,
מיט דעם טראפיק דיריזשירסט.

אָמניבוס:

שטאַרק איז אָמניבוס און גרויס,
מאַך איך אָן אַזאַ גערויש,
זאָל מען ווייסן אז איך פאָר;
מיינע רעדער גרויס ביז גאָר.

קאָלעקטיווו:

כ׳בין דער לייכטער „קאָלעקטיוו״,
פאָרן איז ביי מיר א שטיף
און דערפיל איך, ס׳איז צו שווער,
גיב איך אויף א זייט א קער...

טראמוואי:

פול געפּאקט איי־איי איי־איי,
נו, איר זעט דאָך, כ׳בין טראַמוואַי,
אויף דער עלטער, ווי איז מיר,
ארבעט איך נאָך אָן א שיעור.

אויטאָס:

מיר, די אויטאָס, לויפן גיך,
וועמען ארט דער פרייז פון שיך?
ווער עס וויל אַ פּאָרל גרינג,
דער באצאָלט שוין פאר אלצדינג!

קינדער:

אַ וועט־געיעג פון גאס פּאַרקער;
ווער יאָגט איבער וועמען, ווער?

טו־טו־טו־עך נאָכאַנאַנד
ביז דער גוטער וויזשילאַנט...

וויזשילאַנט:
הייב איך אויף א האַנט, ניט מיין,
בלייבן אַלע פאַר מיר שטיין,
פורן, מענטשן, אָן א צאָל,
אַלע, אַלע פאַראַמאָל.

וויזשילאַנט:
שטום מען וואַרט אויף מיין באַפעל,
טו איך זיך אַ דריי, אַ שטעל,
מיט מיין פייפעלע א בלאָז,
גיבן אַלע זיך א לאָז.

אויטאָס שנעל א פלי, א טראָג,
קאָלעקטיוון — א צעיאָג,
איילן מענטשן ביי דער זייט:
שנעלער, ס'איז נישטאָ קיין צייט!

וויזשילאַנט:
שאַרף מיין בליק איז, פלינק די הענט,
מענטש און פור, מיין אינסטרומענט,
קרייצן שפיל אָן מיר געווענדט,
כ'בין דער טראַפיק־דיריגענט!

# אַ חתונה אין קיך

לעפּל, טעלער, טעפּ און קרוגן
שטענדיק אויפן זעלבן אָרט;
צי זיי הענגען, שטייען, ליגן.
ריידן נעבעך ניט קיין וואָרט.

נאָכן עסן, נאָכן טרינקען,
אויסגעשייערט, ווידער גרייט.
זע איך ווי זיי גלאַנצן, ווינקען
און פאַרשטיי זיי שטומערהייט:

בערל אומרו, בערל גוטער,
אַך, ווי ס'לעבן איז אונדז מיאוס!
שטענדיק זיין דאָ צוגעשמידטע,
אַז מען איז אליין אַן פּיס!

הייב אונדז נאָר אַביסל אונטער,
אָט אַזוי פון אויבן אָן!
מאַך אונדז פריילעך, מאַך אונדז מונטער,
זכסט דאָך סיי ווי וואָס צו טאָן — — —

הייבט ביים האַרץ מיך אָן צו קלעמען,
סאַ רחמנות איז אויף זיי!...
אָט וועל איך צו זיי זיך נעמען,
לוסטיק מאַכן איינס און צוויי...

ליגט א טעלער ווי אַ פּלעצל,
טו איך אים אַ שאַר: אָט נאַ!
אויף אַ טישל שטייט א טעצל,
נעם איך פּויקן: טצאַ-טצאַ-צאַ!

אין שופּליאָדיק מעסער גאָפּל
נעם איך טרייסלען הין און הער,
פאַלט פון פּאָליצע א טעפּל,
כ'האָב א ריר געטאָן, ניט מער.

אויף אַ שענקל שטייט א גלעזל,
וויל איך וויסן ווי דאָס קלינגט,
גיב איך עס א שנאָל אין נעזל
באַץ! און פריילעך זיך צעשפּרינגט.

— רירט זיך, חברה, העי געשווינדער,
פלעכט זיך אלע אין אַ קראַנץ!
מיט צעשפּרייטע פּאָלעס רונדע
לאָזן טעלער זיך אין טאַנץ.

און אין קאַראַהאָד אינמיטן,
מיט א קרומער לאַנגער נאָז,
טאַנצנדיק אַ רויט צעבריטער
טוט דער טשייניק זיך א לאָז...

פרײלעך, לעבעדיקער, טאַצן,
קלימפּערט אַלע מיטאַמאָל!
פון געלעכטער שאַלן פּלאַצן,
קײקלען טעפּ זיך אויפן פּאָל.

מעסערס, זײערס, פאַנען, פענדלעך,
אויסגעצויגן שטײַף און גלאַט,
קלאַפּן, פּאַטשן מיט די הענטלעך:
בראַוואָ, קלײנער, ביסט אַ כוואַט!

שטײ איך מיר אַזוי אינמיטן,
דעם אָרקעסטער דיריזשיר;
שײן די טענער זיך צעשיטן
װוּ מיט פינגער כ׳טו אַ ריר.

צווישן אַלע די באַקאַלן,
אײנס אין אַנדערן קלאַפּן זיך;
— מזל-טוב! צעפּויקן אַלע,
ס׳איז אַ חתונה אין קיך!...

לויפט די מאַמע אַן מיט גוואַלדן,
— וואָס סע טוט זיך שוין אין קיך!
כאַפּט מיך בײ די הענטלעך באַלד אָן:
זאָג, די כלים טשעפּען דיך?

— וואָסושע זאָל איך מאַמען זאָגן,
ווי עס בעט זיך יעדע זאַך?
אַז זי הערט ניט זײער קלאָגן,
און פאַרשטײט ניט זײער שפּראַך.

# אַ מעשׂהלע פֿון אַמאָל...

(לויט א פֿאָלקס לעגענדע — צום אָנדענק מיין זיידע שאול אָגוז)

— — —גייט דער זיידע, קומט דער זיידע,
פֿליעסקעט, קינדער, הענטלעך ביידע,
שטעלט זיך אויסעט אין א ריי:
אַט איז זיידע, אַלט, געבויגן,
גראָבע ברילן אויף די אויגן,
א גרוי וויסינקער ווי שניי.

— א גוט העלף אייך, קינדער מיינע!
גלעט דער זיידע קעפּלעך קליינע
און באַטראַכט זיי פּאָר א ווייל:
— זיידע, זיידע, דו אלצוויסער,
וואָס הערט זיך אין וועלט דער גרויסער,
בעטן זיי זיך, אָ, דערציילֿ!

קינדער פֿראַגעס שיטן, שיטן,
און דער זיידע שטייט אינמיטן
אויף זיין שטעקן אָנגעשפּאַרט:
— אָ ווען נאָר איך זאָל דאָס קאָנען,
פּרוווט דער זיידע זיך דערמאָנען,
וואַרט א רגעלע נאָר, וואַרט...

לייגט צום שטערן צו א פֿינגער,
ווערט ער מיטאַמאָל ווי יינגער,
טוט אַן אייניקל א שנאַל:

— איי ווי ווען איר פון דעם קוועלן,
ס'וועט אייך, חברה, שטאַרק געפעלן,
לצים־מעשיות פון אַמאָל.

און מיט אויפגעלעבטע גלידער
זעצט דער זיידע זיך אַנידער,
מוט אַ הוקע און אַ ברום,
שטיל און לאנגזאם, נאָר ניט איילן,
הייבט דער זיידע אָן דערציילן
זיינע אייניקלעך ארום:

— — — לאַנג שוין, לאַנג, אַמאָל, פאַרצייטן,
פאַרנדיק אין וואלד, פונווייטן,
עפּעס בלי'אסקעט, ע'האָב דערזען.
אייל איך זיך און קום צו נענטער,
נעמט עס לויפן פון מיר ווייטער,
ווי א ווונדער וואָלט געשען.

ס'איז עס דאָ און ס'איז עס דאָרטן,
בלייב איך שטיין און נעם זיך וואַרטן...
וואָסזשע זאָל איך טאָן דאָ פאָרט?
ווידער לויף איך, וויל עס כאַפּן,
און פון שרעק די ציינער קלאַפּן,
כ'קען ניט אויסריידן א וואָרט...

שטיל ווערט זיידע נ'מיטן דרינען
און פּרוּווט ווייטער זיך דערמאָנען,
בלייבט א רגעלע פאַרקלערט.
הערן אייניקלעך און גאַפן,
וואָס דעם זיידן האָט געטראָפן,
איז א מעשה אומגעהערט.

גליט אין אייגעלעך א פייער,
אלע אויערלעך איין אויער,
מיילעכלעך צעעפנט ברייט,
אַ זיי זעען מיט די אויגן,

שטייף פאַרגליווערט אויסגעצויגן,
אין אַ וואלד, דער זיידע שטייט.

נעבעך ווי א צוגעשמידטער
און זיי ציטערן איין ציטער,
ס'זאָל קיין בייז אים נישט געשען.
מיטאַמאָל א הייב זיך אונטער,
ווערט דער זיידע ווידער מונטער:
הערט נאָר וואָס איך האָב דעריזען.

גיב איך מיר אזוי א שפּאַן נאָר,
אַי, סע איז דאָך א באַראַן גאָר,
לאנגזאם נעם איך, פּרווו אים אויס,
לייג ארופּעט אויפן וואָגן
און איך נעם זיך האסטיק טראָגן,
טרייב דאָס פערדל גיך פאָרויס.

און אין קאָפּ געדאנקען לויפן:
אָט דעם באראַן וועל פאַרקויפן,
ס'איז אַן אוצר, אַן אנטיק,
פאר דעם געלט פון אלעם גוטן
אין מיין שטוב איך וועל אָנשיטן,
כ'רייב מיר אַזש די הענט פאַר גליק.

אזא באַראַן, אַזאַ גרויסער,
מיט אַ פעל א פּוכיק ווייסער,
ברענענדיקע אויגן גרויס.
מיטאַמאָל נעמט הילכן, קלינגען,
שטעקט אַרויס אַ לאַנגע צונג און
פונעם וואָגן שפּרינגט ארויס...

— — — אויסגעציטערט, ווי אַן זינען,
קען דעם וועג מער נישט געפינען
אין דעם שווארץ געדיכטן וואלד...
כ'קוק זיך אום אין אַלע זייטן,
זע איך ווידער שוין פונווייטן,
ס'פייערל פינקלט און עס שטראַלט.

— — — כ'בין געפאלן, צי אנשלאָפן,
וואָס האָט ווייטער דאן געטראָפן,
קען איך זיך ניט דערמאָנען מער, —
פאלן זיידנס אויגן־דעקלעך
אויף די שמייכלענדיקע בעקלעך,
בלאַנקעט צווישן האָר א טרער.

אייניקלעך פארגאפטע זיצן,
פראַגעס אין די אייגעלעך בליצן,
טריי באַזוואַכן זיי זיין שלאָף.
צו זיין פּנים זיס פארקלערטן,
קוקן זיי און וואַרטן וואַרטן
אומגעדולדיק אויפן סוף — — —
— — — — — — — — — — —
הערצלעך קלאַפן, פריילעך זינגען,
אָ, דעם זיידן איז געלונגען
צו אנטלויפן איינס און צוויי;
אויפגעהייטערט אלע זיינען
פּנימלעך צופרידן שיינען:
זייער זיידע איז מיט זיי!

# אינהאלט

